



## א צייטונג פיר יודישע פרויען און פאמיליע.

— ערשיינט יעדע וואך —

רעדאקטאריען:

| פיר פובליציסטיק און וויסענשאפט. | פיר בעלעטריסטיק און פראווינץ־אבטהיילונג: |
|---|---|
| ד"ר ה. ד. הורוויץ. | מ. ספעקטאר. |

פערלאג „פאלקס־בילדונג".

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג"
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלב־יעהרליך און פירטעל־יעהרליך לויט דיזע רעכנונג.

**די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:**
Administration
„Jüdische Frauenwelt"
Krakau, Sebastyangasse 32.

**אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:**
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג" נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העללער.

**פרייז פיר מודעות (אנצייגען):**
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ. 40 העללער, 50 פפעניג.

**די אדרעסע פיר רוססלאנד:**
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ".
מינדליך נאוואליפקי 7.

Krakau, 10 December 1902. Nr. 24 קראקוי, י' כסלו תרס"ג.


**אינהאלט:** פרויען־פראפעסיעס; יעקב שאר. — די פרויען־וועלט: I אלגעמיינע נייעס. II יודישע נייעס. — א ווייבער־בונט; שרה פייגע פאנער. — קינדער שפיעלעריי; ד"ר ה. ד. הורוויץ. — פאר די מוטערס: ווי אזוי דארף מען ערציעהען ברוסט־קינדער. — מודעות.

**פעליעטאן:** פונ'ם טאג־ביכעל; י. לערנער.

## פרויען־פראפעסיעס.

(א בריעף פון וויען).

(ענדע).

איצט איז די פראגע, צי זאלען פרויען איבערהויפט האבען פראפעסיעס און צו וואס פאר א פראפעסיעס קען מען זיי אם בעסטען ראטהען זיך צו נעמען.

צי זאלען פרויען איבערהויפט האבען פראפעסיעס? צווייי מענער, וואס האבען דעם ערשטען דיענסטאג בעריהרט די פראגע, זענען געוועזען געגען די פרויען־ארבייט און ביידע האבען דאס זעלבע

גע'טענה'ט: ס'טייטש, פרויען־ארבייט שעדיגט די מענער־ארבייט: א פרוי בעדארף ווייניגער און קאן שלעכטער בעצאהלט ווערען. דערי־פאר זעהען מיר, אז אומעדום, וואו די פרוי מישט זיך אריין אין ארבייט, פאלט דער שכר פון דער מענער־ארבייט אראב כמעט אויף די העלפט. די טענה איז אין עסטרייך ניט קיין נייע און מען קאן זי הערען אפילו פון אויסגעבילדעטע מענער. אין דער וויענער אוני־ווערזיטעט איז פאראן א בעריהמטער פראפעססאר נאטנאגעל, וואס ער וויל בשום אופן ניט ערלויבען סטודענטקעס, צו הערען זיינע לעקציעס. אין אנדערע וויענער פראפעססאר, דער בעריהמטער אפעראטער אלבערט,

וואס איז פאר 2 יאהרען געשטארבען, האט אויך געהאט דיזעלבע מיינונג. אונ אפילו שוין נאכדעם, אז די רעגיערונג אין עסטרייך האט ערלויבט פרויען צו שטודירען מעדיצין, האבען די צוויי פראפעסארען אויף קיין פאל ניט געוואלט נאכגעבען אונ האבען געזאגט, אז זיי וועלען אויפהערען צו לעזען לעקציעס, אויב זיי וועלען זעהען ביי זיך אין הערזאל (קלאס) סטודענטקעס. אז מען האט זיי געפרעגט, פאר וואס דאס איז, האט דער פראפעסאר נאטנאגעל געענטפערט, אז לויט זיין מיינונג נאך, איז די פרוי בעשאפען ניט פאר׳ן קאמפף מיט דעם שווערען, נידריגען פראקטישען לעבען. די פרוי זאל זיין ערציהערין פון אירע קינדער, די פאעזיע פון איהר פאמיליע; דערפאר קער צו א פרוי נאר פאעזיע, ליעבע וכדומה, הויכע, פיינע זאכען, אבער ניט דאס פערדארבענע פראקטישע לעבען. ער פערשטעהט נאך, ווען די פרויען שטודירען פילאזאפיע, זיי זאלען קענען בעסער ערציהען אירע קינדער; די פרויען זאלען אלע מוזיק קענען; אבער די מעדיצין איז צו א שמוציגע, נידריגע בעשעפטיגונג פאר פרויען. דער פראפעסאר אלבערט האט געגעבען א קורצערע אונ א קלארערע תשובה. דער קאמפף פאר׳ן שטיקעל ברויט — האט ער געזאגט — איז אין אונזער צייט שוין אזוי אויך צווישען די מענער אליין זעהר שטארק, דארף מען איהם ניט נאך פערשארפען דורך די קאנקורענץ פון דער פרויען־ארבייט. נאר איינם פערגעסען אבער די מענער, וואס האבען אזעלכע מיינונג פון דער פרויען־ארבייט: אז אפילו ס׳איז טאקי אמת, אז די פרויען־ארבייט איז א קאנקורענץ פאר די מענער־ארבייט, איז אבער צוריק־געשמועסט די פרוי דורך אירע ארבייט אונ דווקא דורך דעם וואס זי קאן זיך אליין פערדיענען, אפט א נייטיגע העלפערין, מע מעג זאגען, אז אמאל די איינציגע שטיצע פון איהר מאן, פון אירע פאמיליע. א קראנקער מאן, וואס דורך דער ארבייט פון זיין פרוי איז די פאמיליע גערעטעט פונ׳ם הונגער־טויט; ארימע יתומים, וועלכע זענען דורך די פראפעסיע פון זייער מוטער געזיכערט האטש מיט׳ן שטיקעל ברויט אונ פונ׳ם בעטלען; א געמיינער פאטער פון א גרויסער פאמיליע, ווען זיינע טעכטער זענען אים שטאנד זיך אליין ערליך צו פערדיענען אונ ניט צו פאלען אלץ אויף זיינע פלייצעס, — אט אזוינע מענער וועלען א ודאי זיין פאר אונ ניט געגען די פרויען־ארבייט!...

איצט איז די צווייטע פראגע, וואס פאר א פראפעסיעס קאי מען ראטהען די פרויען? דער פראפעסאר קעלנער דערמאהנט ווידער אמאל צוערשט די אינטעליגענטע פראפעסיעס. צי דארף מען ווינשען, אז די פרויען זאלען שטודירען מעדיצין — דאס זאגט ער, ווייסט ער נאך ניט אקוראט; אין עסטרייך זענען נאך לעת עתה פאראן זעהר ווייניג פרויען דאקטארען דער מעדיצין, דערפאר האט ער נאך ניט קיין בעשטימטע מיינונג פון דער פרויען־פראפעסיע. ער ווינשט אבער, אז וואס מעהר יודישע פרויען זאלען שטודירען פילאזאפיע, כדי זיי זאלען דערנאך קענען זיין גוטע לעהרערינס. זיין מיינונג איז אבער ווייטער, אז מען מוז ראטהען יודישע פרויען, נאר דענסטמאל צו ווערען לעהרערינס, ווען זיי קענען קריגען א שטעלע אין א געמיינדע, צי אין א רעגיערונגס־שולע. ווארום די פריוואט־לעהרערינס ווערען אין עסטרייך אונ בעזונדערס אין ווין אזוי שלעכט בעצאהלט אז ער אליין, דער פראפעסאר, הייסט קיין פרוי, וועלכע האלט מיט איהם איין עצה, ווערען א פריוואט־לעהרערין. ווען אין עסטרייך וועלען זיין מעהר מעדכען־גימנאזיעס, זאגט פראפעסאר קעלנער וועט מען דארפען טראכטען, אז יודישע פרויען זאלען ווערען

# פעליעטאן.

## פונ׳ם טאג־ביכעל.

(געווידמעט מיין קליינער טאכטער — ברײנה׳לען).

שוין גאנצע דריי מעת־לעת, אז איך ליג בעלעגט דאס גאנצע לייב מיט בלאזען, פאחירען־אייז אונ מיט נאך אזעלכע מינים. איך סאפע, פראך, ווי א גאנז, קרעכץ, וויין, קלאג אונ שריי אזוי, אז מיינע קולות גיעהען עד לב השמים. מיין „מאנדעל", דער לעקעש, ברעכט די הענד, לויפט ארום, ווי א פערסמ׳טע מויז אונ קאן זיך גאר קיין ארט ניט געפינען. ער ארבייט עם מעשים! טאקע ממש, קיין עין הרע, מיט רוחות! די וועלט לעגט ער איין. עטליכע מאל אין טאג רופט ער דעם דאקטאר, רופאים אונ אפילו אונזער שפרע־בערקע גיט ער קיין רוה ניט. דריי מאל האט ער שוין דעפעשירט זיין צדיק אונ אזוי ווי אויף משיח׳ן קוקט ער ארוים אויף זיין תשובה. ער זאגט אונ האפט, אז זיין „ווייבעלע" (דעם טיטעל האב איך פון איהם ערשט איצט בעקומען) וועט, מיט גאטס הילף אונ רבי׳נס כח, בקרב בעקומען א רפואה שלמה... די שונאים, טאטע זיסער, זאלען אזוי לעבען, ווי די דאקטוירים אדער, להבדיל, דער צדיק וועלען איהם העלפען! פונקט, ווי א טויטען ביינקעס, איהר מעגט שוין מיר גלויבען! כל זמן ער וועט ניט נאכזאגען ווארט־ביי־ווארט אלסדינג, וואס אונזער געוויסער קבצניפקער דאקטאר, העררפלאקענשיסער, הייסט, — וועל איך הירזשען, ווי א פערד, רעווען, ווי איין אקס, מעקען, ווי א ציג, קאכען, פערגעהן זיך, ווי א קליין קינד אונ וועל בשום ענין ואופן ניט געזונד ווערען! אז דער דאקטאר פלאקענשיסער געפינט, אז איך בעדארף א קור, — זאל ער מיר א קור געבען!

יודישע טעכטער, גאט איז מיט אייך אונ ביי אייך! שרעקט אייך ניט! מיינט ניט, אז איך בין שוין טאקי באמת אזוי מסוכן קראנק, הלואי, אהן מיין שאדען, אויף אייך געזאגט געווארען! אלע מיינע ליעבע ווינש איך מיט׳ן גאנצען אונ פולען הארץ אזא קרענק. א סימן האט איהר, אז איך בין, קיין עין הרע, געזונד אונ שטארק אויף אלע אברים, וואס אט זיץ איך אונ שרייב מיר מיין טאג־ביכעל. די בלאזען אונ פאחירען־אייז שאטען מיר כלל וכלל ניט צום שרייבען. חוה׳ס טעכטער! לעגט צו אייערע אויערען אונ הערט! די בלאזען, פאחירען־אייז אונ די שארי־ירקות ליגען אונטער׳ן קישען, אונטער דער קאלדערע, אונ איך פיהל זיי, אזוי ווי איהר... די לעמישקע מיינע האט זיך שוין אין די דריי טעג, זינט איך ליג „מסוכן" קראנק, אזוי אנגעמוטשעט מיט מיר, מיט די קינדער אונ מיט׳ן ווירטשאפט, אז ער ליגט איצט אין אזא טיעפען שלאף, האטשע טראגט איהם ארוים אויפ׳ן מארק אונ פערקויפט איהם פאר א דרייער! די קינדערלעך, זאלען געזונד זיין, שלאפען, קיין בייז אויג, געשמאק. ארום אונ ארום איז נאכט, שטיל. איך האב זיך פשוט אויפגעהויבען אונ געהאפט א שפאציער (א קלייניגקייט, דריי מעת־לעת ליגען אויף איין ארט!) איבער דער שטוב. אויפ׳ן הארץ איז מיר גרינג אונ רוהיג, ווייל איך פיהל אונ ווייס שוין, אז די מלחמה וועל איך, ניט מיין לעקעש, איינעמען. הלואי וואלט איך שוין אזוי בעווארענט גע־

גימנאזיאל-לעהרערינס. א טהייל פרויען געהען נאך ווייטער און מוטשען זיך. ווערען פראפעסארינס, אוניווערזיטעטס־דאצענט־קעס (לעהרערינס). דאס איז אבער אזא שווערע הלכה — זאגט פראפעססאר קעלנער — אז ער האלט א יעדע פרוי, וואס בילדעט זיך איין צו ווערען אן אוניווערזיטעטס־דאצענטקע, פאר גאר א גרויסע אפטימיסטקע. אויף דער טהעאטער־סצענע, אין קאנצערט־זאל, דארט מאכט מען געוועהנליך ניט קיין אונטערשיעד צווישען ניכט־יודישע און יודישע פרויען. מע דארף אבער ניט פערגעסען, וואס פאר גרויסע געפאהרען עס ליגט אפט אויף דעם וועג פון ארטיסטקעס. און דערפאר וועט זיך ניט יעדער לייכט ענטשליעסען, אז זיין טאכטער צי שוועסטער זאל ווערען אן ארטיסטקע. עס וואלט אבער געווען זעהר גוט, אז יודישע טעכטער זאלען זיך בעשעפטיגען מיט אנדערע קונסטען: מאלעריי, סקולפטור, און דערגלייכען. אויך בוכהאלטערינס, קאנטארשיצעס, קארעספאנדענטקעס קענען און זאלען יודישע פרויען ווערען.

דער שרייבער פון דיעזע צייל[ען] האט אויפמערקזאם געמאכט, אז די עסטרייכישע יודישע פרויען האבען גאר פערגעסען אן א טהייל אזעלכע פראפעסיעס, מיט וועלכע פיעלע, פיעלע, יודישע פרויען אין רוסלאנד בעשעפטיגען זיך מיט גרויס נוצען פאר זיך און פאר אנדערע. דאס זענען: די אקושעריי און פעלדשעריי. די עסטרייכישע יודישע פרויען האבען ניט נאר פערגעסען אן די פראפעסיעס, נאר זיי האלטען פאר די גרעסטע בושה צו ווערען אן אקושערין אדער א פעלדשערין. מיר ווייסען, וואס פאר א כבוד עס האבען ביי אונז אקושערקעס און פעלדשערינס; מיר ווייסען, אז די געבילדעטסטע און די פיינסטע פריילינס ווערען ביי אונז אקושעריגען און פעלד־שערינען; אין עסטרייך אבער קאן זיך נאר א געוועזענע דיענסט, צי א נידריגע פרוי ענטשליעסען צו לערנען אקושערסטווע.

א פריילין פריעדמאן האט בעמערקט דעם פראפעססאר קעלנער, אז אויב ער וויל ניט, אז יודישע פרויען זאלען ווערען פריוואט־לעהרערינס, איז דערמיט געזאגט, אז יודישע פרויען דארפען איבער־הויפט קיין לעהרערינס ניט ווערען, ווארום קיין שטעלעס אין שולען קריגען זיי דאך נישט, ווי דער פראפעססאר האט אליין געזאגט. דאס פריילין פריעדמאן מיינט אבער, אז מע דארף יא האבען יודישע פריוואט-לעהרערינס; מען מוז זיך נאר זעהן סטארען צו פערבעסערן זייער לאגע. איינינגע פרויען פונ'ם פובליקום האבען אויפמערקזאם געמאכט דערויף, אז פיעל יודישע בעל־בית'טעס ווילען ניט אויפנעמען קיין יודישע דיענסטען און זוכען דווקא נאר קריסטליכע.

דער פראפעססאר קעלנער האט זיך אין זיין האפנונג ניט טועה געווען, אז די פראגע פון ווייבליכע פראפעסיעס וועט דאס פובליקום פון דער טוינביי־האלע זעהר פעראינטערעסירען; מען זעהט שוין ארויס, אז דער שמועס מכח דער פראגע וועט זיך אוועקציהען ניט אויף איין דינסטאג.

איך וויל האפען, אז אויך די לעזערינס פון דער פרויען־וועלט וועט די פראגע אינטערעסירען, אז אויך זיי וועלען אין דער פראגע פיעל נאכדענקען און וועלען מן הסתם האבען פיעל וואס צו זאגען דאריבער...

יעקב שאר.



---

וועזען מיט אלדעס־גוטס, ווי איך וועל מיינס אויספיהרען! האב איך זיך מישב געוועזען, אז איצט איז טאקע די בעסטע צייט, אריינ־שרייבען אין מיין טאג־ביכעל די גאנצע מעשה פון אלף ביז תיו. איך האף, אז מיין שרייבען וועט אייך, יודישע טעכטער, פיעל נוצען ברענגען. פון מיין געשיכטע קאנט איהר זיך ארויסנעמען א מוסר אפשר ניט ווייניגער, ווי פון א גוטער, להבדיל, תחינה, חאטשע איך בין ניט אזא אשה כשרה וצנועה, ווי די געוויסע ווייבער, וואס מא־כען א גאנץ יאהר תחינות פאר אונז בידנע יודישע טעכטער.

הערט־זשע! שוין צעהן יאהר, זינט איך האב, למזל, חתונה געהאט. שוין צעהן יאהר, אז איך זיץ, אין געהאקטע וואונדען, אין דער וויסטער, פינסטערער קבצניפקע, וועלכע איז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען מיט הויכע בערג און סקאלעס, ווי א פערשארטער קבצן אין שמאטעס, און זעה פאר זיך ניט קיין פרישען, לעבעדיגען מענשען. אבגעלעבט, אבגעוויינט אכט־און־צוואנציג יאהר, און וואס, ווער, ווען? איך בין נאך אזוי יונג און שוין אזוי אלט! איך בין שוין א מאמע פון זעכס לעבעדיגע און צוויי טויטע קינדער. איך בין שען (אזוי זאגט די וועלט). נאר וועמען זעה איך און ווער זעהט מיך? ווער זוכט אדער בעדארף מיין שענקייט? מיין לעקעש אפשר? און אז איך זאל זיין אהן א נאז, מיט צוויי נעז אדער גאר אהן א פנים, — וואלט דען ניט געוועזען דאס אייגענע? די גאנצע וואך איז ער פער־נומען מיט ווייץ, בהמות, וועקסלען און וועלדער. און שבת, יום־טוב — מיט עליות, מחלוקת אין שוהל איבער א רב, א נייעם שוחט וכדומה. די וועלט איז גרויס, די וועלט איז שען, נאר ווער הערט, זעהט און פיהלט דאס? איך בין יונג, שען, געזונד? וויל איך לעבען, עפּיס טהון און פיהלען דאס לעבען! איהר פערשטעהט? און מיט וואס פערברענג איך די צייט, אלע מיינע יאהרען? אין וואס בעשטעהען מיינע פערגעניגען? וואס איך האב אלע יאהר א קינד? וואס איך קריג זיך מיט'ן מאן, מיט די דיענסטען? וואס דער קאפ ווערד מיר דיל און דרעהט זיך ווי א ראד פון די מחלוקת און גאנצע זעק רכילות צווישען אונזערע קבצניפקער ווייבער?... איהר פערשטעהט? איך וויל לעבען און מיט עפּיס וויכטיגס דאס לעבען אנפולען, און דא איז וויסט, פינסטער, לעדיג און גליטשיק!...

ביז צוויי־און־צוואנציג יאהר בין איך פרום געוועזען. איהר ווייסט? פיעל בעסער און גרינגער האט זיך מיר דענסטמאל גע־לעבט. פאר וואס? צי דערפאר, ווייל אויפ'ן גאנצען איצטיגען לעבען האב איך געקוקט, ווי אויף א פארהייזעל צום אייביגען לעבען, צי דערפאר, וואס איך האב געגלויבט און געוואוסט, אז אן אמת'ע יודישע טאכטער לעבט ניט און בעדארף טאקע ניט לע־בען; סיי ווי סיי, — אבי דערוויל האט מיר גאר ניט געפעהלט. נאר אט האבען זיך ביי מיר צו ביסלעך די אויגען געעפענט, איך האב דערזעהען, דערפיהלט א גרויסע, נייע וועלט, אינ... וואו, ווער און וואס בין איך? וואס פעהלט מיר, וואס בעדארף איך און וואס וויל איך? די שונאים זאלען אזוי פון זייער נאמען וויסען! דער קאפ איז פול און דאס הארץ איז לעדיג. מיט וואס פילט מען אן דאס הארץ און מען פערגרינגערט דעם קאפ? זעכס יאהר האב איך זיך אזוי געמוטשעט און קיין שום מיטעל האב איך ניט געקאנט גע־פינען, ביז... מאלט אייך שוין, אז מיין „מאנדעל" — דער לעקעש האט שוין ביי מיר ניט דערלעגט! מיין ביטער, פינסטער הארץ האב איך

# די פרויען-וועלט.

I.

## אלגעמיינע נייעס.

**(א נייער פרויען-פעראיין).** אין חארקאוו (רוסלאנד) איז געווארען א נייע חברה צו העלפען פרויען, וואס האבען קיין ארבייט נישט. די מיטגליעדער פון דער חברה קענען זיין בלויס פרויען. לויט די תקנות פון דער חברה דארפען די מיטגליעדער פון דער חברה בילדען א קאנצעלאריע, וואס זאל שאפען ארבייט פאר פרויען, פערזארגען זיי ווי ווייט מעגליך מיט וואהנונגען און מיטאגען, וואס זאלען נישט קאסטען טהייער. זי וועט אויך עפענען ווארשטאטען מיט שוי-פענסטערן, אויף ארויסצושטעלען אלערליי האנד-ארבייט פון פרויען, איינפיהרען קורסען צו לערנען אלערליי וויסענשאפטען און ארבייטען, איינריכטען א ביבליאטהעק און א לעזע צימער, איינארדענען א ליי-פאנד-קאסע, מאכען א קינדער-גארטען פאר די קליינע מיידלעך, וואס ארבייטען אין דער שולע און זומער קאלאניען. יעדעם מיטגליעד פון דער חברה וועט צאהלען 4 רובעל א יאהר און די הילפס-מיטגליעדער, וועלכע עס קענען אויך זיין מאנסבילען, וועלען צאהלען 5 רובעל א יאהר. מעהר אלס צוויי הונדערט פרויען האבען זיך געמאלדען אריינצוקומען אלס מיטגליעדער אין דער חברה. די תקנות זענען אוועקגעשיקט געווארען צום מיניסטער דעם אינערען צו בעשטעטיגונג.

**(וועגען אסעקוראנץ).** דער רוסישער סענאט האט ערקלערט, אז די פרוי האט דאס רעכט צו פאדערען פון דער אייזענבאהן-פערוואלטונג, זי זאל איהר אויסצאהלען פאר איהר מאן, וועמען האט געטראפען איין אונגליק בשעת זיין ארבייט אויף דער באהן און ער האט דורך דעם פערלארען זיינע גייסטליכע פעהיגקייטען צו דער ארבייט.

**(די רומענישע קעניגין וועגען יודען).** עליזאבעטא, די רומענישע קעניגין, וועלכע איז בעוואוסט אלס שריפטשטעלערין אונטער דעם נאמען קארמען סילווא, האט נישט לאנג ארויסגעגעבען צוויי נייע ביכער: „אונטער דער בלומע“ און „שטילע רייד“, אין וועלכע זי מוסר'ט זעהר שטארק איהר פאלק פאר וואס זיי בעהאנדלען אזוי שלעכט די יודען און פערגעסען זיך, אז נישט לאנג זענען זיי אליין געווען אונטערדריקט אונטער די מאחמעדאנער.

**(פרויען עפענען א פריוט).** א פרויען-פעראיין אין מאסקווא האט בעשלאסען צו עפענען אין מאסקווא א פריוט צום נעכטיגען פאר די מענשען, וואס אין האטעלען נעמט מען זיי נישט צו, ווייל זיי האבען נישט קיין רייזע-פעסער.

**(לעקציעס וועגען גארטען-ארבייט).** די חברה צום אויסבילדען פרויען אין גארטען-ארבייט האט היינטיגען חודש געהאלטען פארלעזונגען וועגען גארטען-ארבייט דורך פרויען.

**(פרויען-שטודיום אין ברעסלויער אוניווערזיטעט).** אין דעם ערשטען האלב יאהר פון 1902 האבען שטודירט אין ברעסלויער אוניווערזיטעט 65 דאמען. אין פאריגעם יאהר זענען צווישען די שילערינען געוועזען אויך רוסישע און פראנצויזישע דאמען, היינטיגעס יאהר זענען בלויס דייטשע געוועזען, ווייל דער רעקטאר, פראפעסאר הילעבראנדט האט קיין אנדערע נישט צוגעלאזען. 23 דאמען ווילען זיך פארברייטען צו אבער-לעהרערינען עקזאמען, 35 האבען בעזוכט די אוניווערזיטעט, כדי זיך צו דערלערנען שפראך-וויסענשאפטען, קונסטגעשיכטע, פילאזאפיע, נאטורוויסענשאפט, היסטאריע און געאגראפיע, 3 האבען שטודירט מעדעצין, איינע אויף צאהן-ארצטין און איינע חעמי. פון די 65 שילערינען זענען 39 פון עוואנגעלישען, 23 יודישען און 3 קאטוילישען גלויבען. די עלטסטע שילערין איז 47 יאהר, די יונגסטע 22 יאהר אלט. 59 שילערינען זענען נאך נישט פארהייראטעט, 5 זענען שוין פארהייראטעט און איינע איז איין אלמנה.

---

שוין צו זיין קאפ אויסגעלאזט! נאר וואס האב איך אבער דערמיט געפועל'ט? פיעל און אויף לאנג איז מיר דערפון גרינגער געווארען? היינט וואס האב איך דא אזוינס אויפגעטהון? ווער פון אונז, יודישע טעכטער, ווייסט שוין נים, אז די מענער מוזען ביי אונז ליגען טיעף-טיעף אין גאט'ס ערד און בעדארפען נאך דארטען פאר אונז בייגעל באקען?!...

איין צייט האט זיך מיר שוין געגלויבט, אז אט-אט האב איך געפינען די אמת'ע רפואה צו מיין מכה: „שמ"ר — האב איך ביי זיך געטראכט — האט מיר אויפגעמאכט די אויגען, און אויפגעדעקט מיינע וואונדען, — פאר וואס-זשע זאל איך זיי נים פרובען היילען נאך זיין רעצעפט?“ געפינען מיר דען נים אין אלע זיינע ראמאנען, אז פלוצים גליקליך ווערען איז גאר נים אזוי שווער? אדרבה, נאך זיין פלאן, גליקליך ווערען איז אזוי גרינג, לייכט, פשוט, ווי האר פון דער מילך ארויסנעמען! דער עיקר, מע בעדארף זיך פערליעבען...

הכלל, האב איך זיך מישב געוועזען, איך וועל פאלגען דעם רבי'ן. אויך די איינענע מעשה, אז מען קען נים אריבער — מוז מען ארונטער. נאר וואס זאל איך אייך דא מאריך זיין? איך זאג אייך, אז ס'איז נים בעשערט, עס געהט נים, אז ס'איז נישטא קיין מזל — זאלען בעסער גאר נים געבוירען ווערען! איהר פארשטעהט? ערשטענס, איז מיר פשוט געוועזען א ווימטע, פינטטערע בושה פאר זיך אליין, בערעכענט נאר: א יודינע (נו, א ווייבל!) פון אכט-און-צוואנציג יאהר, איין אמת'ע אשת-איש, א פארטיגע מאמע פון אכט, קיין עין הרע, קינדערלעך (זעכם זאלען לעבען און געזונד זיין און צוויי זאלען א גוטען זכות טראגען!) און פלוצים, גלאט אזוי, פשוט פון דער העלער הויט, — געה, נעם און פערליעב זיך! צווייטענס, אז איך האב שוין אפילו געפועל'ט ביי זיך, דאס הייסט, איבערגעשפארט דעם יצר-טוב, אוועקגעלעגט די בושה אויף א זייט, — פרעגט זיך ערשט א קשיא: אין וועמען פערליעבט מען זיך אין דער ווימטער, פינסטערע קבצניפקע? אין שטומען חזן, אין בלינדען שוחט, צי אין קרומען שמש? און אז גאט האט מיר שוין געהאלפען, איך האב קוים מיט צרות אויסגעזוכט (פשוט ביי טאג מיט ליכט) עפים א מין פארשוינדל: א פערלעגערט פערשימעלט לעהרערל. האב איך ערשט מיט איהם געהאט צו זינגען און צו זאגען און יסורים מיט עגמת-נפש — אויפ'ן פוד! ביים אנהויב האט ער גאר א פנים נים פערשטאנען, וואס איך מיין. איך (פונקט וואו אין די ראמאנען שטעהט בפירוש געשריבען!) ווארף אויף איהם אייגלעך, גיב איהם, צו ביסלעך און צו סב'לעך אנצוהערען, און ער — לאזט אראב די אויגען, ווערט בלייך, רויט, גרין און געל, חאפט א ציטער און — שוין... וואס קלערט איהר? א בהמה, א בשר לעמיל, חאטש מעלקט איהם שוין אוים! אויף מיין שלים-מזל, בעדארף איך נאך אנטרעפען עפים אויף א ווילדען עני (א לעהרערל אין דער קבצניפקע!) א מסוב'נעם קבצן, וואס איז בעשטענדיג, הונגריג ווי א וואלף. א ודאי האט דאס מין נפש'ל גרעסערען חשק, פיעל מעהר אפעטיט געהאט צום עסען, ווי א ליעבע צו שפיעלען! און וואס מיינט איהר האב איך געפועלט, ווען ער האט זיך שוין פערליעבט? אבגעהיט זאל מען ווערען: מיין פארשוינדל האט עם זיך צעהיצט, צעברענט און צעפלאקערט — טאקי נאר אויף סכנות נפשות! א פייער, א העליש-פייער האט זיך אנגעצינדען אין זיינע שווארצע, גרויסע אויגען און ער האט מיך מיט זיי געברענט, געבראטען און לעבעדיגערהייט פשוט

## II.

# יודישע נייעס.

(אָבענד־שולען פאַר יודישע מיידלעך). בּיי דער לעצטער זיצונג, וואָס איז געוועזען בּיי דעם קאָמיטעט פון דער חברה מרבּי השׂכּלה אין אַדעסאַ, האָט דער פּרעזידענט פון דער חברה ג. א. ווײַנשטיין פאָרגעטראָגען אַ פּראָיעקט. מען זאָל אויף די קאָסטען פון דער קאָמיסיאָן פאַר יודישע בּילדונג אויסערהאַלבּ אַלערליי שולען, גרינדען נאָך אָבענד־קורסען אין אַלע יודישע שולען פאַר מיידלעך. דער פּראָיעקט איז אָנגענומען געוואָרען.

(צום זכרון פון פרוי סאַקער). אין אַדעסאַ איז בּעשלאָסען געוואָרען צו גרינדען אַ פאָנד־קאַפּיטאַל אויף דעם נאָמען פון דער פּערשטאָרבּענער פרוי סאַקער, וועלכע האָט זעהר פיעל אויפגעטהון פאַר די בּילדונג פון יודישע מיידלעך אין אַדעסאַ. דעם אַנפאַנג פון דעם גרונד־קאַפּיטאַל וועט מען מאַכען פון די ריינע הכנסות, וואָס וועט איינבּרענגען דאָס בּוך: „יודישע עטהיק" פון דעם יודישען פּראָפעסאָר משה לאַצאַרוס, וואָס וועט איבּערגעזעצט אויף רוסיש.

---

# אַ ווייבּער־בּונט

אַ מעשׂה, וואָס האָט פּאַסירט אין שלמה־המלך'ס צייטען.

פון שׂרה פייגע פאָנער.

## II.

## דאָס פּלעשעל.

דער קעניג שלמה מיט מלכּת שבא האָבּען זיך צוריקגעקעהרט צו דער סוויטע, און שלמה האָט געהייסען, אַז אַלע זאָלען געהן צום דאָרף „עין גדי", אָבּער פון איין אַנדער זייט, בּכדי בּת־שבע זאָל ניט פערשטעהן, אַז זיי האָבּען געהערט איהר געזאַנג.

אַז די דאָרפסלייט האָבּען נאָר דערזעהען זייער קעניג, זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אַלע פון זייערע שטיבּלעך, בּאַלד האָט מען דערהערט אויף די פעלדער פון דעם וויכטיגען נייעס — און די דאָרפס־לייט האָבּען געוואָרפען זייער אַרבּייט און געקומען אין דאָרף צו גריסען זייער ליבּען קעניג, וואָס האָט אַלעמען געגעבּען דאָס גליק פון פריעדען, איין אמת'ן פריעדען, נאָך אַזעלכע גרויסע מלחמות, וואָס דאָס יודישע פאָלק האָט געפיהרט אין דוד'ס צייטען.

— עס זיי פריעדע דיין קומען, געליעבּטער פון גאָט, — האָבּען אַלע מיט איין מאָל אויסגערופען.

— גאָט זאָל אייך בּענשען, מיינע ליעבּע קינדער, — האָט שלמה המלך געענטפערט מיט אַ פריינדליכען טאָן, און ער איז ווייטער געגאַנגען, בּיז ער איז געקומען צו בּת־שבע'ס הויז.

בּת־שבע איז זיך די גאַנצע צייט רוהיג געזעסען אויף איהר בּענקעלע און האָט פון ווייטען זיך צוגעקוקט צו דעם גערויש און געפילדער פון דאָרף, אויף איהרע ליפּען האָט געשוועבּט איין אירא־נישער שמייכעל.

אַז דער קעניג מיט זיין גאַסט זענען צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זי זיך, ווי פערוואונדערט און דערשראָקען, אויפגעהויבּען זיך פון איהר בּענקל און איז געגאַנגען דעם קעניג ענטקעגען. מיט רוהיגקייט און ניט אָהן שטאָלץ האָט זי געזאָגט: עס זיי פריעדען דיין קומען, קעניג שלמה, זוהן פון דוד, זוהן פון ישי; אויך דיין געעהרטער גאַסט, די קעניגין, זאָל געבּענשט זיין פון דעם גאָט פון ציון.

— זיי אויך די געבּענשט פון גאָט — האָבּען בּיידע מיט גרויס פריינדליכקייט געענטפערט.

---

אויפעסען געוואָלט! אויף איין מינוט האָט ער פון מיר אָבּטרעטען ניט געוואָלט. ווי אַ שׂטן איז ער מיר פּיס־טריט נאָכגעגאַנגען. איך טענה מיט איהם, גיבּ איהם צו פערשטעהן, אַז מיר געפינען זיך ניט אין קיין וואַלד, ניט אין דער מדבּר, אַז צווישען מענשען טאָר מען זיך אַזוי ניט אויפפיהרען, און ער — וויל נאָר ניט וויסען! איהר פערשטעהט? ער וויל (ניט מעהר און ניט ווייניגער), איך זאָל זיך טאַקי בּאַלד מיט מיין מאַן געט'ן און מיט איהם חתונה האָבּען. אֶלא ניט — זאָלען מיר בּיידע אַוועק אין די ווייטע, טיפע וועלדער אָדער ערגיץ אויף איין אינזעל און... „דאָרטען איז נישטאָ קיין מענשען, מע הערט ניט פון זייערע דינים. דער הימעל וועט אונזער חופּה זיין, די בּיימער — די שטאַנגען, די פייגעל וועלען אונזער כּלי־זמר זיין, און מיר בּיידע וועלען ווערען איין גוף און איין נשמה!!

— בּהמה — טענה איך צו איהם — אַז דו ווילסט די קניידלעך, — זאָג־זשע די הגדה פריהער, עס מרור, קיי חזרת, קוויק זיך מיט חרוסת! נזלן, רוצח איינער, ווי אַזוי שטעלסט דו זיך אונטער מיר אַזוינס פאָרצולעגען. ווען אין אַלע שמר'ס ראָמאַנען געפינען מיר אַ בּפירוש'ן דין, אַז קודם כּל מוז דער העלד אַוועק קיין לאָנדאָן, פּאַריז אָדער חאָטש קיין אַפריקאַ, בּעדאַרף דאָרטען ווערען רייך, ווי קורח, בּעקומען אַ טשין פון אַ בּאַראָן, גראַף אָדער חאָטשי שני־למלך, און די העלדין אויף דער צייט — מוז זיך דערוויילע איבּערציהען אין אַ קיך אָדער ליגען אין אַסטראָג געפּענטעט אין קייטען און זינגען מאָראַלישע ליעדער?! היינט וואו זענען די שיפען מיט גאָלד און זילבּער, דימאַנטען און בּריליאַנטען? וואו זענען די סאָלדאַטען, קאָזאַקען מיט זייערע בּיקסען און שפּיזען? וואו איז דער גובּערנאַטאָר, פּראָקוראָר און די הרוגים?!

מיינט איהר דאָך אַ ודאַי, אַז מיינע ווערטער האָבּען אויף איהם געווירקט? עס הויבּט זיך אַפילו ניט אָן! איך גיבּ נאָר אויף איהם אַ קוק — בּרוך דין אמת! אַ פּחד, אַ שרעק! ער איז בּלייך, טויט, חאָטשי בּעגראָבּט איהם שוין! דער קאָפּ שאָקעלט זיך בּיי איהם, ווי איין אומרוה פון אַ וואַנד־זייגער, די הענד, די פיס און דאָס גאַנצע גוף'ל זיינס ציטערען און פלאַטערען, גלייך עס האָט איהם אָנגעחאַפּט אַ ניינאַדריג קדחת. די טרעהרען, ווי צוויי ריינוועס גיסען זיך פון זיינע פערלאָשענע אויגען און ער מעלעמעטשעט:

— אַזוי, אַזוי... הייסט דאָס, אַז ניט מיך האָסט דו געליעבּט, נאָר... שייקעוויטשעס נאַרישע און גנבה'שע פאַנטאַזיעס?... אַזוי, אַזוי... און איך, נאַרישע, כּשר'ע בּהמה, האָבּ געגלויבּט... אַוועקגעגעבּען, פערשפּיעלט, בּעגראָבּען דאָס האַרץ, די נשמה... האַ, איצט פערשטעה איך שוין די גאַנצע געשיכטע!... ווייסט דו חאָטשי — האָט ער זיך ווידער צעבּרענט און זיינע איבּערנייע אָנגעצינדענע אויגען האָבּען אין מיר גאַנצע סנאָפּעס פייער געשאָסען, — דו פרוי אָהן האַרץ און אָהן אַ נשמה, אַז דו האָסט איין אומשולדיגען מענשען אומגליקליך געמאַכט, פּשוט מיט דיינע אייגענע הענד געקוילעט? פערשטעהסט, זעהסט, פיהלסט דו חאָטשי, אַז דיינע מיאוס'ע מעשׂים האָבּען פערפלעקט, פערניפטעט די ריינע, הויכע און הייליגע ליעבּע?!...

נאָר — שאַט! מיין לעמישקע ריהרט זיך שוין דאָרט. איך לויף אין מיין רוה אַריין. איך מוז זיך שוין ווייטער נעמען צום שרייען און וויינען. עס העלפט ניט! ווער עס וויל עפּיס אויספיהרען — טאָר זיך ניט פוילען. דעם סוף פון דער געשיכטע מוז אָבּגעלעגט ווערען אויף איין אַנדער מאָל.

י. לערנער.

— דו קענסט אונז אפשר געבען א טרינק, וואורום עס איז זעהר הייס, — האט דער קעניג געבעטען.

— מיט פערגניגען, — האט די פרוי געענטפערט. זי איז אוועק געגאנגען אין שטוב אונ האט ארויס געטראגען א שטיינערנעם קרוג מיט מילך אונ 2 שטיינערנע געשליפענע בעכער, זי האט אנגעגאסען מילך אין ביידע בעכער אונ האט זיי געבעטען טרינקען.

— ענטשולדיג, גוטער קעניג, וואס איך גיב דיר אזוי צו טרינקען, וואו עס טרינקען נאר געוועהנליכע מענשען. וואס זאל מען טהון? בעסערע זאכען האבען מיר, דארפס־לייט, קיין מאל נישט געהאט.

דער קעניג האט א שמייכער געטהון אונ געזאגט: גלויב מיר אז די מילך פון דיין שטיינערנעם בעכער איז געשמאקער ווי די וויין פון לבנון אין מיין גולדענעם בעכער.

— דאס איז מן הסתם, ווייל דער קעניג איז דורשטיג, — האט די פרוי געזאגט.

— ניין, — האט דער קעניג געענטפערט, — דאס איז מחמת דעם, ווייל אין דעם בעכער ליגט די גאנצע צופריעדענהייט פון דאס דארפס־לעבען. דו האסט מיך דערמאהנט אז איך בין ישי'ס אייניקעל. מיין זיידע האט געוויס אויך אין אזעלכע בעכער'ס געטרונקען. אונ ווער ווייסט? — האט ער מיט א זיפץ געזאגט ווייטער — אפשר איז דער דארפס־מאן ישי אסך גליקליכער געוועזען ווי זיין אייניקעל, דער גרויסער קעניג שלמה?

די פערוואונדערונג אונ די שרעק פון בת־שבע'ן האבען זיך געשטארקט. דאך האט זי בעהאלטען איהר אויסערע רוהע.

איינינע מינוטען זענען אריבער אין שווייגען.

צום סוף האט בת־שבע געזאגט:

— די גאנצע וועלט איז איצט אונצופריעדען. דאס ליגט שוין איצט אין דער מענשליכער נאטור, אונ שולדיג איז דאריגען... שולדיג נאר...

— נאר — ווער? — האט דער קעניג געפרעגט ערנסט.

— נאר די פרוי, — האט געענטפערט בת־שבע.

— וועלכע פרוי? — האט דער מלך געפרעגט פערוואונדערט.

— אונזער גרויס־מוטער חוה. אז זי וואלט איהר מאן נישט צוגערעדט צו עסען פון עץ־הדעת אונ אלץ צו פערשטעהן, א, ווי גליקליך וואלטען מיר אלע אצינד געלעבט אין גן־עדן, וואורום גליקליך איז יענער נאר, וואס ווייסט נישט אונ פערשטעהט נישט.

— דו ביזט א קלוגע פרוי אונ איך וויל דיך צופריעדען זעהען, — האט דער קעניג געזאגט. — אט האסטו מיין מתנה, צום אנדענקען אן דעם קעניג פון פריעדען.

דער קעניג האט ארויסגענומען א גרויסע סומע געלד, האט עס אויפ'ן טיש ארויפגעלעגט אונ געזאגט: איך וויל דורכאויס, אז דו זאלסט דאס געלד נעמען אונ טהון דערמיט וואס דו ווילסט.

— איך גיב דיר דאס ניט אומזוסט — האט דער קעניג ווייטער געזאגט: — איך האב דיר עפעס וואס צו בעטען. אט דא האסטו א פלעשעל. דו זאלסט עס האלטען ביי זיך אין א פערשלאסענעם צימער, ביז איך וועל אליין קומען אבנעמען. אבער דאס געטרוי איך נאר דיר אן. אז די וועסט אוועקגעהן זאלסטו דעם צימער פערשליעסען. נישט

דו אונ נישט דיין מאן זאלט איהר אייך נישט דערוועגען דאס צו עפענען. איהר קענט דאך מיר, אז מען פאלגט מיר בין איך ישי'ס אייניקעל. איך בין א מענש מיט אייך גלייך. אבער אז מען פאלגט מיר נישט, בין איך שלמה המלך אונ איך שאן אפילו מיין אייגענעם ברודער ניט. — מיט די ווערטער האט שלמה שנעל פערלאזען בת־שבע'ן אונ איז אוועק מיט דער מלכת־שבא צו זיין סוויטע.

אז בת־שבע האט דערצעהלט איהר מאן, אבנר, וואס איהר האט היינט געטראפען אונ האט איהם געוויזען דאס געלד אונ דאס פלעשעל, וואס שלמה האט איהר געלאזען, איז אבנר זעהר בייז געווארען אונ אונרוהיג, אבער עס איז שוין געוועז פערפאלען. א קורצע צייט איז בת־שבע געזעסען ווי פריהער צו הויז, אבער פארטיעפט אין געדאנקען. — אונ פלוצים איז זי געווארען גאר איין אנדערע; זי איז אין שטאדט אריין געפאהרען, האט געקויפט שיינע מעבעל טייערע כלים אונ מעהר פאר אלץ טייערע געפוצטע קליידער. אונ סוף כל סוף האט בת־שבע פארווארפען אלע ארבייטען. א גאנצען טאג איז זי שוין ארומגעגאנגען ווי א רייכע דאמע פון א גרויסע שטאדט, אונ אויף די הויזליכע ארבייט האט זי גענומען א דיענסט. שבת נאכ'ן עסען האבען זיך אלע דארפס־פרויען צוזאמען געקליבען צו איהר; זי האט פארגע־לעזען פאר זיי משלי. אז זי איז געקומען צו דעם זאץ: „טוב פת חרבה ושלוה בה“: עס איז בעסער א שטיקעל טרוקען ברויד צו עסען, נאר מיט רוהיגקייט, — האט זי זיך זעהר פערוואונדערט אונ געזאגט: ניין, עסען גוטע שפייזען איז בעסער ווי טרוקען ברויט, געהן א שיינע קלייד איז בעסער ווי צו געהן אין סמאטעס. דער חכם אליין, וואס האט דאס געשריבען, עסט ער דען טרוקען ברויט?.. אלע פרויען האבען געלאכט אונ האבען צו איהר געזאגט: וועסט זעהען, בת־שבע, אז דעם אנדערן שבת קומען מיר אלע צו דיר אין נייע קליידער מיט נייע שאלען פון דמשק אונ אוועקלאזענדיג דאס שיינע בוך משלי, האבען זיך די ווייבער אריין געלאזען אין א שמועס וועגען מאדעס.

אונ אין א קורצע צייט האט זיך אלץ אין דארף געענדערט. „עין גדי“ איז געווארען ווי א קליין ירושלים אונ בת־שבע איז געוועזען די ערשטע גרויסדאמע פון „שטעדטל“. אבנר אליין איז געבליבען ווי פריהער, אומוטיג אונ ערנסט. ער האט זיך שטיל בעשעפטיגט מיט זיין ארבייט אונ געהיט „די פלעשעל“...

אונ אז קיינער האט איהם נישט געזעהען, האט אבנר געזיפצט אויף דאס גליק, וואס ער האט פארלארען...

דערווייל האט זיך אנגעהויבען צו הערען אין ירושלים, אז דער גאנצער דארף „עין גדי“ איז אין גרוים ליארעם אונ קריג. איין מאנטאג, בשעת בית־דין זענען געזעסען, האבען זיך 5 פארפאלקען פון עין־גדי גע'גט. די פרויען האבען געטענה'ט, אז די מאנען זייערע האלטען זיי זעהר שלעכט. די מענער ווידער האבען זיך געקלאגט, אז די ווייבער זענען משוגע געווארען. זיי ווילען דעם גאנצען שמוק אונ פוץ פון ירושלים אין עין־גדי, אין דארף, אריינברענגען. אז שלמה המלך האט דאס דערהערט, האט ער געשיקט זאגען די חכמים, אז זיי זאלען זיך נים דערוועגען נאך איין גט צו געבען, אונ זיי זאלען ארויסטרייבען די וואס בעטען גט.

אונזער בת־שבע האט זיך ניט גע'גט. אבנר איז איהר טריי גע־

בליבען און האט שטיל אריבער געטראגען אלע איהרע קאפריזען, נאר איין זאך האט ער איהר נישט געוואלט נאכגעבען: צו עפענען דאס פלעשעל.

בת־שבע'ן אבער האט דאס פלעשעל קיין רוה נישט געגעבען, און זי האט קיין רוה נישט געלאזען איהר מאן, ער זאל איהר ערלויבען חאטש נאך איין מאל א קוק טהון אויף דאס פלעשעל. אבנר האט געמוזט נאכגעבען. — ער איז אבער אוועק פון הויז.

מיט ציטערנדיגע הענד האט בת־שבע געעפענט דאס פלעשעל. דער קארעק האט א שפרונג געטהון אין דער הויך און עס האט א שאס געטהון א טייערער באלזאם איבער דאס גאנצע הויז און אנגעפיהלט דאס הויז מיט א ריח גן־עדן. אויך בת־שבע'ס הענד האבען זיך בענעצט מיט באלזאם, און א רייצענדער ריח האט זיך געטראגען פון זיי...

ענטציקט איז געשטאנען בת־שבע — און שען איז זי געווען ווי א מלכה... אין איהר הארצען איז פלוצים געבוירען געווארען דער וואונש — זיין די גרעסטע פרוי אין דער וועלט, — זיין דעם קעניג גלייך.

יא! זי מוז, זי וויל א קעניגין זיין!...

אבער מיט אמאל האט זי בעמערקט, אז דאס פלעשעל איז ליידיג, און זי איז בלייך געווארען ווי דער טויט. איצט האט זי זיך דערמאהנט דעם קעניג'ס ווערטער.

— דאס איז דער קעניג פון פריעדען! האט זי מיט צארן אויסגעשריגען. יא! פריעדען איז אין דיין לאנד, ווייל ער פארשטעהט צו פארדארבען אלץ וואס איז שען און שטארק...

— אויך אין מיין הויז האט ער דאס אונגליק געבראכט...

אבער זי האט געפיהלט, אז זי איז נישט בכח צו ראנגלען זיך מיט דעם שטארקען קעניג: זי האט גוט פארשטאנען, וואס פאר א שרעקליכער סוף ווארט אויף איהר...

און זי איז אין אהנמאכט געפאלען אויפ'ן בארען...

---

# קינדער־שפיעלעריי.

## I.

## יודישער „דרך־ארץ“.

הוליען און שפיעלען זיך האט א יוד בטבע פיינד, — פערברײנגען אמאל די צייט אין שפיעלעריי הייסט ביי יודען נאריש מאכען זיך, אדער גאר בעגעהן א זינד, איין עבירה. און ניט נאר פאר עלטערע יודען איז א חרפה צו שפיעלען זיך, אפילו א קליינעם קינד פערגינט א יוד ניט איין מינוט פריי ארויסצולויפען און זיך דורכצושטיפען. — איך געדענק ווי היינט, א מעשה, וואס מיר האט זיך געטראפען אין מיין קינדהייט:

עס איז געווען א שענער פריהלינגס־טאג פאר פסח. די זון האט מיט ליעבע אראבגעקוקט פון ריינעם בלויען הימעל אויף דער ערד; איהרע שטראהלען האבען זיך שפיעלענדיג, חנ'ודיג אבגעשפיגעלט אין די קויט פון גאס און אין די קליינינקע רוישענדע רוטשקעלעך, וואס זענען פון אלע עקען און ברעגען געלאפען צו דעם איינציגען שטאדט־טייכעל. דאס ארימע טייכעל, וואס איז געוועהנליך זומער־צייט גאנץ קליין און דרעמעלט שטיל אין זיין שמאלינקער בעטעלע — אויך דאס איז מיט אמאל גרויס געווארען, האט פארפלייצט די גאנצע לאנקע ארום באד — געפלייסט זיך, געבריה'ט זיך, געלאפען מיט א געוואלד, מיט א רעש, מיט א געפילדער, גלייך ווי עס איז דער „ים הגדול“ אליין.

אויף מיר האט שטארק געווירקט די גאנצע פערענדערונג אין דער נאטור און איך האב זיך מיט גרויס פרייד און התפעלות געשפיעלט מיט מיינע חברים נישט ווייט פון טייך... מיר האבען געבויעט שיפען פון פאפיר, געלאזען זיי שווימען אויף די רוטשקעלעך, און ווי גרויס איז געווען אונזער פרייד, אז אונזער שיפעל פלעגט גליקליך אנקומען אין גרויסען „ים“ אריין און גיך אוועקגעטראגען ווערען אויף איהרע קויטיגע, רוישענדע חוואליעס... אבער מיין גליק האט זעהר גיך גענומען א מאוס'ען סוף: מיין טאטער איז פלוצלינג געקומען צום טייך און ווי ער האט מיך דערזעהען, האט ער מיך מיט כעס געהאפט פאר דער האנד און אוועקגעשלעפט אהיים, — און איהר קענט זיך פארשטעלען, וואס פאר א טאג איך האב געהאט! געשלאגען האט מען מיך אפילו ניט, אבער געמוסר'ט, אזוי פיעל געמוסר'ט, אז מיר איז מאוס געווארען דער גאנצער פריהלינג מיט דער ליכטיגער זון. עס פערשטעהט זיך, אז דער סוף פון דעם מוסר איז טאקי געווען, אז איך האב זיך געמוזט אוועקזעצען אין פינסטערען חדר פון אונזער הייזעלע — און גענומען זיך מיט טרערען אין די אויגען ווייטער חזר'ן — די הגדה...

און אלט בין איך דעמאלט געווען 6 יאהר, און א יונגעל בין איך געווען דווקא א גוטער און א מתמיד אויך דערצו, — איך האב געברויכט, איך האב געמוזט אויסרוהען זיך אביסעל, פענאנדער שלאגען זיך פון די פולע למודים, וואס האבען ווי א שווערע משא געדרוקט מיין יונגען, צו פריה אויפגעוועקטען, מוח... און מיינט איהר אפשר, אז מיינע עלטערן זענען געווען אזוינע שלעכטע? חלילה! זיי זענען דווקא גוטע מענשען געווען, און מיך האבען זיי ליעב געהאט, ווי דאס אויג אין קאפ; זיי האבען גאר ניט געוואוסט, וואס א קינד ברויך, וואס פאר א קינד פאסט, ווי נייטהיג, ווי ניצליך עס איז פאר איהם א ביסעלע שפיעלען זיך — און דאס ווייסען עד היום ניט דאס מעהרסטע טהייל פון אונזערע יודען...

---

## II.

## די ניצליכקייט פון קינדער־שפיעלעריי.

אז מען זאל זיך גוט צוקוקען צו קינדער, בעזונדערס אין זייערע יונגסטע יאהרען, קאן מען באלד זעהען, אז דאס גאנצע קינדערשע לעבען איז מעהר ניט ווי א לוסטיגעס שפיעל, און דערינען בעשטעהט דאס גרויסע גליק, די ריינקייט און שענקייט פון דער מענשליכער קינדהייט... דאס שפיעלען איז א נאטירליכע בעדערפניש ניט נאר פאר יעדען מענש, נאר אויך פאר יעדעס לעבעדיגע בעשעפעניש, בעזונדערס אבער אין די קינדערשע יאהרען, און די נאטור אליין זארגט טאקי דערפאר, אז אלע לעבעדיגע בריאים זאלען געניסען דאס גליק און די פרייד פון די פרייע שפיעלען...

ווִי אַזוֹי גֶעשִׁיהט עֶס ?

גָאר פָּשׁוּט !

וֶוען מֶען שְׁטֶעלְט אַרַיין אִין אוֹיוֶוען אַ כֵּלִי מִיט וַואסֶער אוּנ מֶען פֶערְדֶעקְט דִי כֵּלִי גוּט מִיט אַ דֶעקֶעל אוּנ לָאזְט זִי שְׁטֵעהן בִּיז דָאס וַואסֶער הוֹיבְּט אָן זִיעדֶען, קָאן מֶען בֶּעמֶערְקֶען, ווִי דָאס דֶעקֶעל עֶפֶענְט זִיךְ מִיט אַ גֶערוֹישׁ, אוּנ אַ גְרוֹיסֶער וָואלְקֶען פוּן פַּארֶע רַייסְט זִיךְ אַרוֹיס פוּן אוֹיוֶוען אִין צִימֶער. פוּן וַואנֶען קוּמְט עֶס ? דָאס קוּמְט דֶערְפוּן, וָואס בְּשַׁעַת דָאס וַואסֶער קָאכְט, וֶוערְד פוּן דֶעם וַואסֶער — דַאמְפְּף. דֶער דַאמְפְּף קְלוֹיבְּט זִיךְ אִין כֵּלִי, בִּיז אִיהם וֶוערְד דָארְט צוּ וֵועניג אָרְט, צוּ עֶנְג, אוּנ עֶר בְּרֶעכְט דוּרְךְ מִיט כֹּחַ זַיין גֶעפֶּענְגֶענִישׁ אוּנ גֵעהט אַרוֹיס אִין דִי פְרַייעֶ לוּפְט. דָאס זֶעלְבֶּע זֶעהֶען מִיר בַּיי מֶענְשֶׁען: דוּרְךְ דָאס עֶסֶען, טְרִינְקֶען אוּנ אָטְהֶמֶען נֶעהמְט דֶער מֶענְשׁ אִין זִיךְ אַרַיין פֶערְשִׁיעדֶענֶע שְׁטָאפֶען, וָואס זֶענֶען נֵייטִיג פַאר זַיין קֶערְפֶּער; דוּרְךְ דֶעם קְלוֹיבֶּען זִיךְ אָן אִין אַלֶע אֵבָרִים פוּן זַיין גוּף, פִיעל כֹּחוֹת, אוּנ דִיעזֶע כֹּחוֹת מוּזֶען סוֹף כָּל סוֹף זוּכֶען זִיךְ אַרוֹיסְגַאנְג פוּן מֶענְשֶׁען דוּרְךְ אַלֶערְלֵיי רִיהרוּנְגֶען, בֶּעוֶועגוּנְגֶען, דוּרְךְ לוֹיפֶען, טַאנְצֶען, שְׁפְּרִינְגֶען אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער.

(עֶנְדֶע קוּמְט).

ד"ר ח. ד. הוּרְוִויץ.

---

# פַאר דִי מוּטֶערְס.

## ווִי אַזוֹי דַארְף מֶען עֶרְצִיעֶהען בְּרוּסְט־קִינְדֶער.

(עֶנְדֶע).

וֶוען עֶס אִיז אָבֶּער אוּנְמֶעגְלִיךְ אַ זוֹיגֶערִין צוּ נֶעמֶען, מוּז מֶען שְׁפַּייזֶען דָאס קִינְד מִיט קוּה־מִילְךְ. מֶע דַארְף אָבֶּער ווִיסֶען ווִי אַזוֹי עֶס צוּ טְהוּן: דִי קוּה־מִילְךְ מוּז מֶען מִיט גֶעזָאטֶענֶעם וַואסֶער צֶעפִיהרֶען אוּנ צוּ יֶעדֶער גְלָאז צוּגֶעבֶּען נִיט קֵיין פוּל טְהֵיי־לֶעפֶעלֶע זַאמְד־צוּקֶער. — פַאר אַ קִינְד פוּן אַ וָואךְ נֶעהמְט מֶען אֵיין טְהֵייל מִילְךְ אוּנ דְרַיי טְהֵייל וַואסֶער, מֶע גִיט צוּ צוּקֶער אוּנ מֶע זִידְט דָאס אוֹיף. דִי אַנְדֶערֶע וָואךְ אוּנ דִי דְרִיטֶע נֶעמְט מֶען אֵיין טְהֵייל מִילְךְ אוּנ צְוֵויי טְהֵייל וַואסֶער. דִי פִיעֶרְטֶע, דִי פִינְפְטֶע אוּנ דִי זֶעכְסְטֶע וָואךְ גִיט מֶען מִילְךְ הַאלְבּ־אוֹיף־הַאלְבּ מִיט וַואסֶער; פוּן דֶער זִיבֶּענְטֶער וָואךְ בִּיז דֶער פִיעֶרְצֶעהנְטֶער (בִּיז דְרַיי חֳדָשִׁים) נֶעמְט מֶען אוֹיף צְוֵויי טְהֵייל מִילְךְ אֵיין טְהֵייל וַואסֶער; פוּן דֶעם פִיעֶרְטֶען חֹדֶשׁ אָן גִיט מֶען שׁוֹין גַאנְצֶע (נִיט קֵיין צֶעפִירְטֶע) גֶעבְּרִיטֶע מִילְךְ מִיט צוּקֶער.

וֶוער עֶס הָאט פַארְ'ן קִינְד אַיין אֵייגֶענֶע קוּה, דַארְף עֶר זִי אָפְּהִיטֶען מִיטְ'ן עֶסֶען, רֵיין הַאלְטֶען, גֶעבֶּען גֶענוּג הֵיי אוּנ גְרָאז, גֶעבֶּען רֵיינֶע וַואסֶער מִיט קְלַייעֶן אוּנ צוּגֶעבֶּען זַאלְץ. אַזַא קוּה טָאר מֶען נִיט גֶעבֶּען קֵיין זוֹיעֶרֶע פָּאמִינִיעֶס, קֵיין בַּארְדֶע אוּנ קֵיין זְשָׁאס, וַוייל דֶערְפוּן קֶען דִי מִילְךְ פֶערְדָארְבֶּען וֶוערֶען. אִין דֶער פְּרִיה אוּנ פַאר־נַאכְט נָאכְ'ן מֶעלְקֶען מוּז מֶען בַּאלְד דִי מִילְךְ אוֹיפְזִידֶען אוּנ הַאלְטֶען אִין אַ קַאלְט אָרְט אִין אַ רֵיינֶער גֶעגְלָאזְטֶער כֵּלִי.

דִי מִילְךְ וָואס מֶע גִיט דֶעם קִינְד דַארְף זַיין וַוארְם ווִי פוּן דֶער קוּה, אוּנ גֶעבֶּען דַארְף מֶען זִי דוּרְךְ דֶעם טָאג אַזוֹי אָפְט ווִי בַּיים זוֹיגֶען מִיט דֶער בְּרוּסְט. דֶערְבַּיי מוּז מֶען נָאךְ שְׁטְרֶענְגֶער אָפְּהִיטֶען אַלֶעס, וָואס עֶס אִיז אוֹיבֶּען גֶעשְׁרִיבֶּען וֶועגֶען דֶעם זוֹיגֶען מִיט דֶער בְּרוּסְט, וַוייל צוּפִיעל קוּה־מִילְךְ גֶעבֶּען דֶעם קִינְד — אִיז פִיעל שֶׁעדְלִיכֶער ווִי צוּ אָפְט דִי בְּרוּסְט גֶעבֶּען.

דִי פָּארְצִיעֶ מִילְךְ פַאר אַ קִינְד אוֹיף אֵיין מָאל דַארְף זַיין וֶועדְלוּג דֶעם קִינְדְס עֶלְטֶער; מֶע דַארְף גֶעבֶּען אַזוֹי פִיעל, אַז עֶס זָאל זַיין זַאט אוּנ עֶס זָאל נִיט אָבְּבְּרֶעכֶען. דִי קוּה־מִילְךְ אוּנ שִׁיטֶערֶע זַאכֶען דַארְף מֶען גֶעבֶּען פוּן אַ גְלֶעזֶערְנֶעם פְלֶעשְׁל מִיט אַ סָאסֶקֶע (אַ מֶעזְזָאק). אַייזֶערְנֶע, הֶערְנֶערֶע אָדֶער בְּלֶעכֶענֶע פְלֶעשְׁלֶעךְ וֶוערֶען גִיךְ אוּמְרֵיין. זוֹיעֶרֶע מִילְךְ — אֲפִילוּ עֶטְוָואס זוֹיעֶרְלִיכֶע — טָאר מֶען דֶעם קִינְד נִיט גֶעבֶּען, וַוייל זִי קָאן קַאלִיעֶ מַאכֶען דֶעם מָאגֶען אוּנ דָאס קִינְד הוֹיבְּט אָן צוּ בְּרֶעכֶען; דִי סָאסֶקֶע דַארְף זַיין אַ גָאמֶענֶע; דָאס פְלֶעשְׁל אוּנ דִי סָאסֶקֶע מוּז מֶען יֶעדֶעס מָאל נָאכְ'ן עֶסֶען אוֹיסְוַואשֶׁען מִיט וַוארֶעם וַואסֶער.

מֶע דַארְף קֵיינְמָאל נִיט גֶעבֶּען אַ קִינְד דוּרְךְ אַ שְׁמַאטֶקֶע זוֹיגֶען גֶעקַייט בְּרוֹיט, גֶערִיבֶּענֶע מַייעֶרְן אָדֶער מִילְךְ־קַאשֶׁע; עֶס בְּרֶענְגְט נִיט קֵיין נוּץ, עֶס קֶען נָאר שַׁאדֶען; דֶערְפוּן וֶוערְד פְּלִיסְנִיאַווְקֶע, בְּרֶעכֶען, לַאקְסִירֶען אוּנ וֵועהטָאג אִין בּוֹיךְ (אַ רִיז), דִי קִינְדֶער וֶוערֶען דֶערְפוּן מָאגֶער אוּנ אָבְּגֶעשְׁוַואכְט. — וֶוען דָאס קִינְד הָאט שׁוֹין אַ שְׁלַאפֶען מָאגֶען, שַׁאדְט דִי שְׁמַאטְקֶע נָאךְ מֶעהר; מֶע קֶען אַ שְׁלַאף קִינְד קֵיינְמָאל נִיט אוֹיסְהֵיילֶען בִּיז מֶע הֶערְט עֶס נִיט אוֹיף צוּ שְׁטוּפֶּען אִין מוֹיל אַזַא שְׁמַאטְקֶע.

אַלְץ וָואס דָא אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען מוּז מֶען תָּמִיד אָפְּהִיטֶען. נָ א ר נָאךְ אַקוּרַאטְנֶער אוּנ שְׁטְרֶענְגֶער דַארְף מֶען אַלְסְדִינְג עֶרְפִילֶען אִין דֶער הֵייסֶער זוּמֶער־צַייט, וַוייל אִין דִי הִיצֶען לַיידֶען דִי קִינְדֶער אָפְט אוֹיף לַאקְסִירֶען אוּנ בְּרֶעכֶען אוּנ קוּמֶען אָפְט דֶערְפוּן אוּם. — וֶוען אַ קִינְד וֶוערְד קְרַאנְק אוֹיפְ'ן מָאגֶען, זָאל מֶען עֶס אַלֵיין מִיט בַּאבְּסְקֶע מִיטְלֶען נִיט הֵיילֶען, נָאר בַּאלְד גֵעהן צוּ אַ דָאקְטָאר, כְּדֵי מֶע זָאל פֶערְחַאפֶּען דִי קְרַאנְקְהֵייט פוּן אָנְהוֹיבּ, וֶוען עֶס אִיז גְרִינְגֶער זִי אוֹיסְצוּהֵיילֶען.

---



Herausgeber Verlag »Volksbildung«. VerantwortlicherRedacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v .S. L. Deutscher Podgórze b. Krakan